# ארבעטער
און
# מאַסנדעקלאַמאַציעס

פאַר שולן, קעמפס און דראַמצירקלען



פון

פיין טווערסקי



פאַרלאַג אידישע ליטעראַרישע ביורא
249 איסט 13טע גאַס, ניו־יאָרק, נ. י.

# אינהאַלט:

## פענצטער

אויבן פענצטער, הינטן פענצטער,
און עלעקטרישע געשפענסטער
איבער קראָמען אויף בראָדוויי,
מיט א פייערדיק געשריי —
שרייען: קויפט! קויפט! קויפט! קויפט! —
נאָר מע יאָגט, און נאָר מע לויפט,
נאָר מ׳שלעפט, און נאָר מ׳כאַפּט,
נאָר מ׳טומלט, און מ׳קלאַפּט,
און מ׳רייסט זיך, און מ׳רופט —
עראָפּלאַנען פון דער לופט,
רופן — קויפט! קויפט! קויפט! —
קויפט א קלייד, און קויפט א הוט!
ס׳איז געשעפט באַנקראָט, קאַפּוט!
זעט די פענצטער און באַטראַכט:
זעט, דער דאָלאר האָט געקראַכט!
אַלעס קריגט מען ביליק־שפּאָט! —
גאַנץ פיפט עוועניו איז באַנקראָט! —
פענצטער שטייען אויסגעפּוצט,
מיט וואָס איר דאַרפט, און וואָס איר נוצט:
פּיאַנאָס, בעטן, בילדער, ביכער, —
קויפט מציאות איין, וואָס גיכער! —
א פּאָרד, א ביואיק, און א נעש,
קליידער, שיך, און אינטערוועש,
שפּילצייג, פאַר די קינדער קליין,
און אַלץ נאָר וואָס איר ווילט אַליין! —
קויפט! קויפט! קויפט! קויפט!
ס׳איז דאָס לאַנד צעקאָכט, צעשרויפט!
פענצטער שטייען אָנגעשטעלט,

און קיין זאך דאָרטן ניט פעלט:
ברויט — און רוסישער קאַוויאַר,
פון האַוואַנאַ — אַ ציגאַר,
מילך און וויין, קעז און פּוטער,
פון אַלאַסקאַ — פעלצן, פוטער,
זייגערס, רינגען און בריליאַנטן,
וואָל און זיידנס, און געוואַנטן, —
אַלעס זעט מען דורך די שויבן, —
פענצטער הינטן, פענצטער אויבן;
ס'איז די וועלט איין גרויסער פענצטער,
און עלעקטרישע געשפּענסטער
אויף פיפט עוועניו, בראָדוויי,
מיט עלעקטרישן געשריי,
רופן: קויפט, קויפט אצינדער!
פאַרן ווייב און פאַר די קינדער;
באַלד קומט אָן אַ קאַלטער ווינטער,
כאַפּט און יאָגט, און אײַלט זיך אונטער, —
קויפט איין אויל, און גרייט צו קוילן;
לאַכט זיך אויס פון ווינטערס גרוילן! —
מאַנקים, פויגלען, פּאַפּוגייען,
אייך פון אומעט צו צעשטרייען,
ריידיאָס פון לעצטן סאָרט,
און פון אַלץ — דאָס לעצטע וואָרט! —
העי! העי! העי! העי! —
פענצטער שרייען אויף בראָדוויי! —
פענצטער הינטן, פענצטער אויבן;
און דורך ריזיק גרויסע שויבן,
אויגן דורשטיקע — זיי בליקן,
אויף די טויזנטער אַנטיקן,
הונגעריקע אויגן שטאַרן,
דרויסן, פון די טראָטואַרן,
און צוזאַמען מיט די בליקן,
הענט אין פויסטן זיך פאַרדריקן, —

ווּעמענס פּראַצע, ווּעמענס בלוט,
האָט געשאַפן אַל דאָס גוט?
ווּעמענס שלעכטע, בייזע האַנט,
האָט געצווימט פאַר אונז אַ וואַנט?
ווער האָט אונז געוואַגט באַרויבן,
און פאַרשטעלט אַלץ אונטער שויבן? —

---

איך און דו, און ער, און זי, —
ס'איז אונזער פּראַצע, אונזער מי! —
צו אונז, צו אונז באַלאַנגט דאָס אַלץ!
סיי דאָס ברויט און סיי דאָס זאַלץ!
סיי די שיפן און די באַנען,
די מאַשינען, עראָפּלאַנען,
ראַדיאָ און טעלעפאָנען,
די פאַבריקן און קאַנאָנען, —
אַלעס, אַלץ געהערט צו אונז,
און מיר צאָלן דערויף צונז! —
קעגן אונז — געווער און וואפן,
איז פון אונזער האַנט געשאַפן! —
געדענקט, מיר וואָרנען אייך אַפריער:
ס'האָט איעדער זאַך — אַ שיעור! —

---

ס'וועלן פּענצטער אונז צערייצן,
ווי די לאַווע פון וואולקאַנען,
וועט אַ ווילדער האַס פאַרפּלייצן,
אַלע רויבער און טיראַנען!

באַלד וועט פּלאַצן דאָס געדולד,
וועלן נעמען קראַכן שויבן! —
מיר וועלן אויפמאָנען די שולד, —
וועט דער בראַזג — די וועלט פאַרטויבן!

# הענט

אין די פּאַרקס און אויף די גאַסן,
שטרעקן הענט זיך אין די מאַסן,
הענט, הענט, הענט, הענט,
בעטן איצט אין גאַס אַ סענט . . .

ווילד פון הונגער — ציינער קריצן,
פויסטן פּאָכן הין און הער,
בייזע אויגן בלאַנקען, בליצן,
און אין הארצן שטיקט אַ טרער.

דאָך, ווי שטענדיק לויכט די זונשיין,
און דער הימל — בלוי ווי נעכטן ;
ערגעץ מוז דאָך פּאָרט אַ דין זיין,
צווישן זינדיק און גערעכטן ? !

אין די פּאַרקס און אויף די גאַסן,
שטרעקן הענט זיך אין די מאַסן,
אויסגעדאַרטע,
ציטעריקע,
בלאַסע
הענט,
הענט, הענט, הענט, הענט . . .

געבויעט מויערן און ווענט,
האָבן אָט די הענט.
געלאָשן פייערן ווען ס׳האָט געברענט,

האָבן אָט די הענט.
געלייגט פון וועלט דעם פונדאַמענט,
האָבן אָט די הענט.
פון שטאָל און אייזן און צעמענט,
צו די הימלען אַ מאָנומענט,
האָבן אויסגעבויט די הענט,
און איצט ? —

אין די פּאַרקס און אויף די גאַסן,
שטרעקן הענט זיך אין די מאַסן,
הענט, הענט, הענט, הענט,
בעטן איצט אין גאַס אַ סענט...

אַמאָל האָבן שילדן געררופן פון ווענט :
„הענדס וואָנטעד" — פאַרלאַנגט הענט ! —

הענט — וואָס פּרעסן און שטעפּן,
הענט — וואָס רייסן און קלעפּן,
הענט — אויף קליידער צו נייען,
הענט — צום דרעשן און זייען,
הענט — שטיינער צו האַקן,
הענט — צו בונדן און פּאַקן,
הענט — משאות צו טראָגן,
הענט — מאַשינען צו יאָגן,
הענט — צו פּלאַסטערן וועגן,
הענט — צו האַמערס און זעגן, —
און איצט ? —

אָבער געדענקט און פאַרנעמט :
ווען הענט ווערן פאַרשעמט —
די זעלביקע הענט — קענען שטערן,

מאכן א תל און פארצערן!
די זעלביקע הענט — זיי וועלן,
די ליכטיקע זון אייך פארשטעלן!
ס'וועלן פינגער אין פויסטן זיך קלעמען,
און וועלט פון דעם שונא פארנעמען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאשיסט און פאררעטער, בורזשוי און לאקיי,
אייער שפיל פארן טיוול, פאיאצן! —
נאך א טאג, נאך א וואך, נאך א יאר און נאך צוויי, —
און אייער זיכערער „שמעליך־טאפ" וועט פלאצן!

פאשיסט און פאררעטער, בורזשוי און לאקיי
אונזער וואך איבעראל איז צעשטעלט;
בונטאר, פראלעטאר, ריי נאך ריי, ריי נאך ריי,
וועט צעטרייסלען די ווענט פון דער וועלט!

ס'וועלן צענדליקער טויזנטער פינגער זיך פלעכטן,
אין איין מאכטיקער האנט!
ס'וועט מיט האסטיקן שוואונג, אין קאמף אין גערעכטן,
דער וועלט־גיגאנט,
זיין ריזיקן פויסט דאן דערהויבן!

ס'וועלן צענדליקער טויזנטער פיס זיך צעשפאנען,
די טריט פון גיגאנט!
ברוסט־באריקאדן און הארץ־באראבאנען,
און פלייצעס — א וואנט! —
וועט דער מארש אלע וועלטן פארטויבן!

משיח, משיח מיט פויסט און פארמעסט,
און האסטיקן דראנג!
די קייטן צעפראלט פון אנטשיידענעם זשעסט,

און פרייהייט־געזאנג —
וועט דער מאַרש אַלע וועלטן פאַרטױיבן!

און אַט די הענט,
וואָס בעטלען איצט אין גאַס אַ סענט, —
וועלן בויען פאַר זיך,
אַ וועלט אַ נייע,
וועלן בויען פאַר זיך,
אַ וועלט אַ פרייע!

## „אָרטשאַרד סטריט"

סאָ'יז אָרטשאַרד אַ גאַס אין ניו יאָרק, אַזאַ סטריט,
וואו שטענדיק עס רוישט און עס קאַכט און עס זידט;
האָוועז דאָרט טויזנטער מענטשן — צעשרויפט,
און פּעני־מציאות מ'קויפט און פאַרקויפט.
געשעפטן אויף „פּושקאַרטס", אויף ד'רערד און אויף טרעפּ,
אַ ציי און אַ כאַפּ און אַ יאָג און אַ שלעפּ, —
די טייערסטע בשמים — און גיפט פאַר די מייז,
מיטלען צו פליגן, מאָסקיטאָס און לייז,
באַבסקע רפואות — דירעקט פון טערקיי,
און גאַנצע אַרמייען סאָלדאַטן — פון בליי,
זויערע אוגערקעס, גאָרטשיצע, כריין;
טעדי־בערס ס'טאַנצן און גייען אַליין,
חיות פון שפּילצייג — אַ רעגולער זו,
און קוקלעס וואָס מאַכן די אויגעלעך צו;
און טוט מען דער קוקלע אַ קוועטש וואו מען דאַרף,
שרייט עס אויס „ממא" אַזוי דייטלעך און שאַרף,
אַזש מאַמעס צעשראָקענע קוקן זיך צו,
צו זען ווער געשטערט האָט פון קינדער די רו
אין וויגלעך וואָס שטייען ביי „פּושקאַרטס" דערביי, —
און פאַנגן און רופן די קונדן אויפסניי:
העי, קויפט אַ מציאה, — אַ רויטן קאַפּטאַן,
באַלאַנגט האָט אַמאָל צו אַ קאָזאַק־אַטאַמאַן!
אַ טאַבעקע־פּושקע פון זילבער געשניצט,
וואָס דער הייליקער צדיק פון קאָצק האָט גענוצט,
צוויי זיידענע העמדער — געטראָגן האָט זיי,
אַ גרויסע אַקטריסע פון סאַמע בראָדוויי!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ ווילדער געפּילדער, געשריי און געדריי, —

אַ קוויטשיקע שטים שרייט אויס — פּאָליציי! —
אַ טומל־געלויף און אַ ליאַרם־גערויש,
ס׳האָט איינער געכאַפּט ביי אַ אידן פון קויש
אַ בייגל — און לויפט ווי אַ הונט מיט אַ ביין,
און כראָמטשעט זיין רויב מיט פאַרכלינעטע ציין,
און נאָך אים זיך יאָגט אין אַ ווילדן גאַלאָפּ,
אַ גראָבער פּאָליסמאַן און פּאַכט מיטן קלאָב: —
אַ גנב, אַ רויבער, אַ פרעכער באַנדיט.
אַ כאַפּער פון בייגל אויף אָרטשארד סטריט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַן אַלטינקער איד אין אַ לאַנד אין אַ פרעמדער,
פאַרקויפט פון אַ פושקאַרט פאַרלאַטעטע העמדער,
און מאַכט זיך, די קונים פאַרזאַמען צו קומען,
קוקט ער אַריין מיט אַ בליק אַ שטומען
אין אַן אַלטינקן ספר — פון טרערן צעפלעקט;
נאָר צייטנווייז, ציטערט זיין שטים אויף און שרעקט:
איי, אמר אבאַיע, אבאַיע האָט געזאָגט...
אויף אָרטשארד־סטריט־מאַרק האָט די שכינה געקלאָגט, —
אַ למדן, אַ איד, נאָר ווען האָט דען געהערט,
פון דעם ביטערן מזל וואָס אים איז באַשערט? —
זיין בליק האָט געוואַנדערט ווייט, ערגעץ ווייט,
אודאַי געטראַכט פון אַמאָליקער צייט,
פון היימישן שטעטל, אין אייגענעם קרייז,
און ניט פון קיין העמדער צעפרעסן פון מייז... —
העי, אַלטינקער זיידע, — „אָריהאָפּ קוויק!"
די העמדער, פאַר וויפיל פאַרקויפט איר אַ שטיק? —
די העמדער, די העמדער פאַרקויף איך אומזיסט,
איך קלייב זיי דאָך אויף פון אַש־קאַנס, פון מיסט,
נאָר די לאַטקעלעך, זעט איר, דאָ ליגט דאָס גליק,
די לאַטעס פאַרקויף איך — אַ פּעני אַ שטיק...
וואָס ווייניקער לאַטעס, אַלץ בעסער פאַר אייך, —
אַ שמאַטעדיק לעבן, מיט לאַטעס אַ סך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

א געוועזענער חזן, אַלט און געבויגן,
מיט אַ הייזעריק שטים און פאַרלאָשענע אויגן,
האָט פאַרקויפט פון אַ פושקאַרט — לידער מיט נאָטן,
און האָט זיך געוויגט הין און הער ווי אַ שאָטן: —
„איי איי איי, וואָס געווען איז געווען און ניטאָ"... —
נאָר פּלוצים, אַ ראַדיאָ, פון ערגעץ וואו דאָ,
האָט זיך פאַרמאָסטן מיט אימפּעט און דראַנג,
זיך גערייצט מיטן אַלטינקן חזנס געזאַנג: —
„איי, וואָס געווען איז געווען"... —
„געט יור מען! געט יור מען!"
„איי, וואָס געווען איז געווען"... —
„יו אַר מיי מען! יו אַר מיי מען!" —
אַ גסיסה־געראַנגל אויף לעבן און טויט,
פון יראה און טומאה און אָרטשאַרד־סטריט נויט,
ס'האָט זיך דער חזן פאַרמאָסטן צו הויך,
און האָט זיך צעהוסט ווי מ'שטיקט זיך פון רויך: —
„קבע, קבע, וואָס געווען איז געווען"... —
ס'האָט דער ראַדיאָ־פּויק מיט אַ ברען,
זיך געטראָגן פון ערגעץ וואו ווייט,
און צעטומלט די אָרטשאַרד־סטריט־לייט,
און געהאָגלט מיט דונער און בליץ,
און פאַרענדיקט מיט בראַזג און געקריץ: —
„שייוו'ב הערקאָט —סיקסביטס!"

# די „קאָנגאָ"

(אַ שטודיום פון דער נעגער־ראַסע) (ענגליש: ווײַשל לינדזיי)

## זייער פונדאַמענטאַלער באַרבאַריזם

1

פעטע, שוואַרצע יונגען, אין אַ ווײַן־קעלער־הויז,
ווײַן־קעלער־פּרינצן, אויף וואַקלדיקע קני,
געטראַסקעט האָט איעדער אין טיש מיטן פויסט,
מיט געבראַם און געברויז,
אין פוסטער פאַס געטראַסקעט מיט אַ בעזים־הענטל קרום,
מיט אימפעט און געברויז, —
בום, בום, בום!
מיט סאַמעטענעם שירם און מיט בעזים־הענטל קרום,
בומליי, בומליי, בומליי, בום!
(מיט אַ טיף־קייקלדיקער באַסאָווער שטימע).
דאַן בין איך פרום געוואָרן, און מיט פאַרשטאַנד מיט קלאָרן,
זיך ניט געקאָנט אָוועקרייסן פון דעם המונס צאָרן.
דורך פעטע, שוואַרצע יונגען, האָט די קאָנגאָ זיך אַנטפּלעקט,
די ווילדערניש פון אַפריקע, האָט זיך פאַר מיר אַנטדעקט,
(מיט אַ נאָכגעבנד־טרויעריקן תּפילה־טאָן).
הענט און פיס געשטרעקט,
מיט ווילדן אויסגעשריי,
טויזנטער אין ריי,
פון טאַטואירטע קאַניבאַלן האָט אַ קייט זיך געוויגט,
דאַן, מיט בראַזגעריי אויף אַ בלעך מיט אַ דראָנג,
דערהערט האָב איך דאָס ליד פון בלוט־דורשט אין קלאַנג, —
(מיט אַ שטים פון דורכאַנאַנדיקן באַרג־אַרויף מיט האַסט און שוואונג).
„בלוט!" האָבן געליאַרעמט די פייפערס דורך טראָמפּייטן,
„בלוט!" האָבן געפאָדערט ברוין־הויטיקע מכשפים;
„פּראַלט אַרויס מיט טויטלעכן שדים־כּישוף־קנאַק!
שטורמט אויף די בערג,

רויבט טשערעדעס פון לאַנד,
רעטל, רעטל, רעטל, דורכאַנאַנד,
בינג!
בומליי, בומליי, בומליי, בום!
אַ געברויז, אַ הימן, אַ „רעגטיים“-טאָן,
(מיט אַ פילאָזאָפי־שער פּאַוזע).
וואָס ציט זיך פון דער קאָנגאָ
ביז כביכולס טראָן.
טויט איז אַן עלפאַנט,
פלאַם־אויגיק, — גאַלאָפּירט,
(מיט אַ דורכדריגנדן שווער־געלאַדענעם ריטם).
זיין מויל מיט שוים צעשמירט.
בום, כאַפּט די ליליפּוטלעך,
בום, טויט צו די אַראַבער,
בום, מערדער אויס די ווייסע,
הו — הו — הו!
פאַרנעם דעם אויסגעשריי פון לעאָפּאָלדס*) גייסט,
(ווי דער ווינט דורכן קוימען).
וואָס בראָט זיך אין גיהנום און וואָיעט און רייסט,
הער, ווי עס קייכן די טייוואָלים ווען ער ברענט,
ווען מ׳האַקט אים אַרונטער די פאַרסמאָליעטע הענט.
הער זיך צו צו דעם אָנזאָג וואָס קריכט,
פון דער קאָנגאָ, דורך וועלדער געדיכט,
צו די ערטער פאַרבאָרגענע שטילע,
צו די פּיצינקע מילבן אפילו:
„זיי פאָרזיכטיק, דו,
(אַלע קלאַנגען פון בוכשטאַב „אַ“ קלאָר און פעסט. די לעצטע שורה צו פאַרענדיקן מיט שטילן שעפּצען).
מאָמבאָ־זשאָמבאָ, גאָט פון קאָנגאָ,
און אַלע אַנדערע געטער פון קאָנגאָ,
מאָמבאָ־זשאָמבאָ — ערגעץ וואו,
מאָמבאָ־זשאָמבאָ וועט דיך פּאַקן וואו,
מאָמבאָ־זשאָמבאָ וועט דיך פּאַקן וואו“.

---

*) לעאָפּאָלד דער צווייטער, קעניג פון בעלגיע, האָט שרעקלעך געמוטשעט די איינוואוינער פון דער "קאָנגאָ", און זיי האָבן אים דערפאַר געהאַסט.

## זייערע אומצויבאַרע געפילן

### 2

ווילד־אויפגערעגטע נעגערס, מיט געפילדער און געברויז, (מיט אַ הויך־דורכדרינגנ־דער שטימע).
האָבן געטאַנצט און געיובלט אין אַ געמבלינג־הויז,
פון ווילדן געלעכטער, האָט אויפגעקאָכט די שטאָט,
געחוזקט פאָליציי, און געמאַכט זיי צו שפּאָט,
מיט אַ בומליי, בומליי, בום! (מיט אַ טיף־באַסאַווער שטימע ווי אין אַנפאַנג).
דורך זשובאָ־טאַנץ, דורך ווילדן, האָט די קאָנגאָ זיך אַנטפּלעקט
די ווילדערניש פון אַפריקע, האָט זיך פאַר מיר אַנטדעקט.
פון נעגערשן גן־עדן, האָט זיך אויסגעקריצט אַ בילד,
אויסטערליש און ווילד,
וואו טרוים — איז וואָר און מילד,
מיט פוץ און מיט צירונג, און אָרנאַמענטן שיין,
פון גאָלד און דימענט, און עלפאַנט־ביין,
האָט פון שוואַרץ־פּאָלירטער האָלץ, זיך אַ פּאַלאַץ געהויכט,
דורך די בליענדיקע בוימער — ביזן הימל געגרייכט.
און דער עולם האָט געהירזשעט מיט געלעכטערישן־פּלאַץ,
און געחוזקט פון באַדינער ביי דער טיר — דעם פּאַיאַץ,
און די גוט־באַקאַנטע טענער פון פּאָפּוגייען־באַנד,
האָבן זיך אימפּעדיק געטראָגן איבערן צויבער־לאַנד.
דורך דער מירמלשטיין־טיר, אין פלאַם־פייער קלייד, (מיט פּאַמפּע).
איז אַ חברה ברוין־הויטיקע, אַריין מיט לוסט און פרייד.
אין לאַנג־שפּיציקע פרינץ־אַלבערטס, מיט גאָלד־פעדעם געשטעפּט,
און אין הויכע צילינדערס, מיט דימענט־שטויב געוועבט.
און דער עולם פון פּאַלאַץ, האָט מיט פּאַראייניקטער האַנט,
אַפּלאָדירט און געיובלט, און געטאַנצט פון וואַנט צו וואַנט,
נאָר די שוואַצע מכשפים, האָבן פאַרגליווערט יעדער גליד, (נאָכגעבנד און מיט שרעק).
מיט זייער שטרענג־קאַלטן בליק, און שטרענג־אַלט ליד:
„מאָמבאָ־זשאָמבאָ, וועט דיך פּאַקן וואו”...

דאַן, מיט גרויס פּאַראַד, פּעט פון אויסזען פון זאַטן,

(גוטמוטיק און מיט זיכערקייט אין זיך).

זיינען אראנגעגאן די פרינצן, אין רויט־לאנגע כאלאטן,
מיט שטעקנס אין די הענט, פון בריליאנטענעם שיין,
אין זיידענע צילינדערס, רויטע ווי ווין,
און געטאנצט האבן פרינצן, אין רויט־סאמעטענע זאקן,
מיט קויל־שווארצע מיידעלעך, מיט פערל אין די לאקן,

(מיט וואקסנדן אויפשוואונג און ריטם פון טאנץ).

אין קורצינקע קליידעלעך, באצירט מיט יאסמין־זים,
און געבאמבלט האבן גלעקלעך אויף די שווארצינקע פיס,
און געשפאסט האבן די טענצער, שיכור־לוט,
פון די דארע מכשפים, און געמאכט פון זיי שפאט,
(א, געווען איז דאס אן ארגיע, שוין איינמאל אן אנטיק,
אזש געשטראלט פון די מכשפים, האט א שמייכלענדיקער בליק).

(מיט נענער־דיאלעקט און מיט האסטיקן שוואונג צום סוף).

דאס נאבלטום פון קאנגא, האט זיך געפלאכטן אין א קראנץ,
און מיט אימפעט זיך געוויגט אין „לעקעך־גאנג"־טאנץ,
צו די טענער פון „בומליי, בומליי, בומליי, בום",
די שווארצע מכשפים, האבן געזונגען און געלאכט,
געווארנט די זינדיקע; זיי אויפמערקזאם געמאכט:
„פאסט אויף, פאסט אויף, נעמט אכט,
ווייל מאמבא־זשאמבא, גאט פון קאנגא,
און אלע אנדערע געטער
פון קאנגא,
מאמבא־זשאמבא, וועט אייך פאקן וואו.
באטראכט, א, באטראכט, נעמט אכט,
בומליי, בומליי, בומליי, בום,
בומליי, בומליי, בומליי, בום,
בומליי, בומליי, בומליי, בום,
בומליי, בומליי, בומליי,
בום".

(רואיק, פילאזאפיש).

א, געווען איז דאס אן ארגיע, שוין איינמאל אן אנטיק,
אזש געשטראלט פון די מכשפים, האט א שמייכלענדיקער בליק.

# די האָפנונג פון זייער רעליגיע

3

אַן אַלטינקער נעגער מיט אַ ביבל אין דער האַנט,
האָט געמוסרט אַ שוועסטער, פאַר זיך פוצן צו גאַלאַנט.
ער האָט געשטראָפט אַ ברודער, פאַר זיין רשעותדיקן וועג,
און דערמאָנט פון די מעשים וואָס מען טאָר ניט און מען מעג;
געזעצט מיט דער האַנט אין דער ביבל, און האָט
אויפגעפאָדערט אַלעמען, תפילה טאָן צו גאָט.
דער המון איז געקראָכן אויף טיש און אויף באַנק,
געיובלט מיט תפילות, פול מיט ליבע און דאַנק,
געזאָגט האָבן זיי וידוי מיט חרטה און מיט באַנג,
און תשובה געטאָן צו גאָט, מיט תפילות און געזאַנג,
געקלאַפט אין די סידורימלעך, מיט יאָמער און געברום,
אַזש געציטערט האָט דער צימער מיט הלל־הללויה,
און בום, בום, בום.

(באַסאַווע שטימע מיט גאַנצן טומל און ליאַרם פון נעגערשע תפילות).

מיט תפילה טאָן, מיט נעגערשן, האָט די קאָנגאָ זיך אַנטפּלעקט
די ווילדערניש פון אַפריקע, האָט זיך פאַר מיר אַנטדעקט,
און די טויערן פון הימל, האָבן אויפגעפּראַלט מיט מאַכט,
דערשיינט האָבן דאַן, מיט פולן גלאַנץ און פּראַכט,
די אַפּאָסטאָלן הייליקע, אין קלייד פון ווייסן שטאָל,
אין אַ צירקל אויסגעזעצט, צוועלף אין צאָל.
מיט אויגנבליקן פלאַמיקע, פון די טראָגנען האָבן זיי,
אויפגעציטערט וועלדער מיט אַ הימלשן געשריי: —
„מאַמבאָ־זשאַמבאָ, וועט אומקומען אין מדבר,
קיינמאָל מער שוין אייך ניט שרעקן,
קיינמאָל מער שוין אייך ניט שרעקן".

(ווי פון אַנהויב, פאַנג אָן מיט שרעק און שטורם ענדיק מיט שמחה).

ביי דעם ברעג פון דעם טייך, טויזנט מייל לאַנגן,
זיינען בוימער, ריי נאָך ריי, געפאַלן ווי די זאַנגען.
מלאכים־פּיאָניערן, האָבן אָפּגעראַמט דעם וועג,
און פאַרוואַנדלט אין אַ קאָנגאָ־גן־עדן דעם ברעג.

(מיט גרויס התפעלות און פרייד).

אויפגעבויעט שטעט און טעמפּלען — אַ פּראַכט,
און פאַרטריבן די מכשפים — די פינצטערע מאַכט,
זיי האָבן די מכשפים, פון גן־עדן ווייט פאַריאָגט,
די רוחות און שדים האָבן מער שוין ניט געקלאָגט.
דאָרט וואו געוועלטיקט האָבן שדים אַמאָל,
האָבן שיפלעך אין מיליאָנען, מיט מלאכים אָן צאָל,
זיך געשיפט ביי די ברעגן — מיט זילבערנע שטאַנגען,
מיט זיידענע באַנערס, באַצירט און באַהאַנגען.
דורך צוויבער־לאַנד, דורך נעגערשן, דורך נייעם באַשאַף,
האָט אַ זינגענדיקער ווינט, זיך געטראָגן קלאָר און שאַרף: —
„מאַמבאָ־זשאָמבאָ אין דער מדבר איז טויט,
קיינמאָל מער שוין אייך ניט שרעקן,
קיינמאָל מער שוין אייך ניט שרעקן”.

(מיט דעליר־קאַטן און הויך־קלינגנדן טאָן).

באַפרייט און אויסגלייזט זיינען אַלע אַצינד,
די וועלדער, די חיות און דאָס מענטשנקינד,
נאָר פון צייט צו צייט,
פון די בערג ערגעץ ווייט,
דערטראָגט זיך די שטים פון רויב־פויגל בלויז: —
„מאָמבאָ־זשאָמבאָ, ערגעץ וואו,
מאַמבאָ־זשאָמבאָ, וועט אייך פּאַקן וואו,
מאָמבאָ־זשאָמבאָ, וועט אייך פּאַק־ן וו־או”...

(מיט אַ דורכ־דרינגנד אין שרעק פאַרגייענדער שטי־מע).

# קויפט אַ מענטשן!

טראָמפּעט . . . באַראַבאַן . . .

לײדיעס און דזשענטלמען:
קויפט אַ מענטשן, אַ געזונטן מאַן,
אַלץ וואָס איר דאַרפט איז אין אים פאַראַן,
זײַן מוסקל איז שטײף און הײס איז זײַן בלוט,
זײַן בליק איז קלאָר און זײַן האַרץ קלאַפּט גוט,
זײַנע פיס זײַנען פלינק און זײַן רוקן איז גלײַך, —
אָט איז דער בעסטער באַווײַז פאַר אײַך —

(פּויק — פיר מאָל)

לײדיעס און דזשענטלמען, באַטראַכט און באַקלערט,
וויפיל איז אָט דער מענטש בײַ אײַך ווערט?

(פּויק — פיר מאָל אויף די ווערטער)

קויפט, קויפט, קויפט, קויפט, —
נישט אַנטלויפט —

(טראָמפּעט)

זאָגט, וואו קענט איר נאָך
פאַר צען דאָלאַר אַ וואָך,
אַזאַ ביליקן לוין,
קריגן אַזאַ פאַרשוין? —
ווער גיט נײַן?

(באַראַבאַן)

ווער גיט אכט?

(באַראַבאַן)

באַקלערט און באַטראַכט: —
ער וועט מאַכן פאַר אייך און פאַר ווייב און פאַר קינד,
אַלץ וואָס איר דאַרפט גיך און געשווינד,
ער וועט פאַר אייך אַקערן, זייען און שפּינען,
ער וועט פאַר אייך טרייבן די גרעסטע מאַשינען, —
ווער גיט זיבן? —

(באַראַבאַן)

ווער גיט זעקס? —

(באַראַבאַן)

ער וועט קאָכן און באַקן געבעקס, —
ווער גיט פינף? —

(באַראַבאַן)

פיר? —

(באַראַבאַן)

דריי? —

(באַראַבאַן)

קויפט, די מעציע איז קעדיי!

(פּויק — אין טאַקט די נעקסטע ווערטער)

קויפט, קויפט, ווער גיט דריי ?
דער מענטש וועט שקלאַפן געטריי,
וועט האָרעווען פאַר אייך מיט שוויס,
מיט זיין בלוט וואָס איז יונג און היים !

(טראָמפּעט)

אכט דאָלאַר פאַר האַק און פּאַק !
זיבן דאָלאַר — און ס'ווייב גייט אין סטאַק !
זעקס דאָלאַר — ביליק ווי מיסט —
און זיין קליין אינגל גייט אומזיסט...

(פויק — צום טאַקט נעקסטע ווערטער)

קויפט, קויפט,
נישט אַנטלויפט,
ביליק, ביליק, ביליקער ! —
ווער גיט ווייניקער ? —
קוקט נאָר אָן, אַ יונג מיט ביינער ! —
קיינער נישט ? — קיינער ?

(אָבאָ — צוערשט סיגנאַל און דאַן — מעלאָדראַמע)

קיינער וויל דיך נישט קויפן, —
אויב האָסט כח צו לויפן, —
לויף, זאָג דיין ווייבל דער יונגער,
נישט האָבן זאָל זי מער קיין קינדער,
און זאָג אָן דיין אינגעלע קליין,
אַז דאָס זעלבע וועט וויטער געשען,
ער וועט ליידן פון הונגער און נויט,
אָן מילך, אָן צוקער, אָן ברויט,
פונקט ווי נעכטן און אַלע מאָל פריער,
אָן אַ סוף, אָן אַן עק, אָן אַ שיעור, —

נו, דו מאַן, דו געזונטער,
קריך פון קעסטל אַרונטער, —
לאָז אַרויף דעם אינטעליגענט,
מיט זיינע בלאַסינקע הענט.

(טראָמפּעט — פידל־מעלאָדראַמע)

ליידיעס און דזשענטלמען: —
קוקט נישט וואָס זיין שטערן איז נאַס,
און זיין פּנים איז בלאַס,
ער איז נישט קראַנק —
דאָס פּלאַקערט ביי אים דער געדאַנק, —
ער זעט אויס שוואַך,
אָבער ער קען אַ סך
פון מוזיק ביז עלעקטריציטעט,
אויב איר ווילט, איז ער אַ שרייבער, פּאָעט,
אויב איר ווילט זיך פון אומעט באַפרייען,
וועט ער אייך צעשטרייען,
אויב איר זוכט חכמות און שפּאַסן
פון פעלקער און ראַסן,
זייט רואיק, געלאַסן, —
ער וועט אייך מאַכן
צום זינגען און לאַכן,
ער איז אַ מייסטער אויף אַלע פאַכן,
און רעדט אויף צענדליקער שפּראַכן;
און דאָך, דאַרף ער ברויט און אַ דאַך, —
איז דאָס אַ סך? —
באַטראַכט און באַקלערט:
וויפיל איז ער ווערט?
ער איז יונג,
מיט אַ שאַרפער צונג,
מיט אַ קאָפּ אויף שרויפן, —
ווער פון אייך וויל אים קויפן? —

— קיינער ? — קיינער נישט ?
נו, אינטעליגענט, דו שיינער,
פון קעסטל ארונטער —

(טראָמפּעט אויף די ווערטער)

מוטיק און מונטער !
— דער אָוקשן גייט אָן !
סחורה — גומער וואָן !

(באַראַבאַן)

לײדיעס און דזשענטלמען, הערן און דאמען !

(באַראַבאַן)

א „האָלסייל", א האָלסייל, א גרופּקע צוזאמען !

(באַראַבאַן)

בחורים פון שטארקן געבוי !
מיידלעך, ווי פרישינקער טוי !
גוט — צו וואָס נאָר איר ווילט !
— אבי — זייער הונגער שטילט !
— מיט זופּ מיט רייז
— דאָס איז דער פּרייז
ווער איז וויליק
— צו קויפן אזוי ביליק ?

(טראָמפּעט — אבא־מעלאָדראַמע)

ווען א מלחמה ברעכט אויס,
בלייבט רואיק אין הויז,

בלייבט זיצן, זיי וועלן באַשיצן,
אייער ווייב, אייער קינד, אייער לאַנד,
און קעמפן פאַר אייך נאָכאַנאַנד,
זיי וועלן פאַרלירן, קעפּ און געהירן,
בלוטן אין שלאַכט, בייטאָג און ביינאַכט ;
און די מוידן וועלן אייך דערפרייען,
אין נאַכט קאַבאַרייען, —
העי, נישט אַנטלויפט —
קויפט, קויפט, קויפט :
צום לעצטן מאָל ווערט געקלאַפּט,
דריי מאָל צום טאַקט —

(פּויק — דריי מאָל צום טאַקט)

איינס... צוויי... דריי...
וואָס זשע לויפט איר פאַרביי? —
זענט איר טויב? זענט איר שטום?
צי איר זשאַלעוועט דעם גראָשן?
צי איז אייער האַרץ פאַרלאָשן?
זענט איר בלינד? —
גו, וועלן מיר צומאַכן דאָס קרעמל אַצינד, —
ניט לאַנג וועט נאָך זיין דער מענטש אויף פאַרקויף,
ס'וועט וועלט ווען באַצאָלן דעם מענטשן איר חוב! —
און איר, מיינע כעוורע, עלטער און אינגער,
איך שווער אייך, ס'איז דער לעצטער הונגער!
עס פּלאַצט די געדולד — און די שולד,
וועט פאַלן אויף זיי, אויף זיי, און אויף זיי,
מאָרגן וועלן מיר נישט פרעגן
וואָס מען טאָר און וואָס מען מעג —
מיר וועלן געפינען אונזער אייגענעם וועג —
איצט איז דאָס קרעמל פאַרמאַכט —
א גוטע נאַכט! —

געדענקט —
די לעצטע נאכט פון אומעט און זארגן —

(טראָמפּעט)

היט זיך פארן מאָרגן!

# אָפּים-מײדל

כאַפּ און לױף שנעל צום סאָבװײ,
אין געראַנגל אין געדרײ,
לױף אױף פלינק די טרעפּ אראָפּ,
ס׳איז אַן ענגשאַפט, קאָפּ אױף קאָפּ! —
זאָרג נישט פאַרן האַרץ־געקלאַפּ, —
כאַפּ זיך אָן אָט דאָרט אין סטראַפּ,
הענג דאָרט װי אַ ליאַלקע, הענג, —
טיק טיק טיק, און טראַסק, און בענג! —
האַלט בײם סטראַפּ זיך, גלעט אים, גלעט, —
האַסטיק, שנעלער, װעסט זײן שפּעט!

אָטעמט זיך אין ענגשאַפט שװער,
װיגט דער סאָבװײ הין און הער,
װיג זיך הער און װיג זיך הין, —
ס׳ציט דאָס האַרץ ערגעץ װאוהין...
אַנאָנסן דאָ, פון יעדער זײט,
מאַניען, רופן ערגעץ װײט,
אַנאָנסן שרײען אױס פון אַלץ: —
לערן זיך טאַנצן, טאַנץ אַ װאַלץ!
כאַפּ זיך אױף און זײ ניט דום,
נוץ אָדעקאָלאָן — פּאַרפיום!
אונזער פּודער פאַר די צײן,
גיט דײן מױל דעם צענטן חן!
אױב דו לײדסט װען פון אַ הוסט,
נעם דאָס רײבאַכץ פאַר דײן ברוסט!
אױב דו שלאָפסט ניט דורך דער נאַכט,
נעם דאָקטאָר פּיקל׳ס פּילס אין אַכט!

האַסט מאַזאָליעס אויף דיין פּוס, —
געצל'ס פּלאַסטער שאַפט געגוס!

שיפן דאָ און שיפן דאָרט,
פירן דיך צו יעדן פּאָרט!
אַנאַנסן דאָ אויף יעדער זייט,
רופן, מאַגיען ערגעץ ווייט: —
פאַר קיין קיובא און בערמודא,
קיין אינדיע, צום לאַנד פון בודא!
שיפן שטעלן אַלעם צו,
פאַר די רייכע — אבער דו,
הענג בלויז אויפן סטראַפּ אָט דאָ,
קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ!

טראַכט דאָס מיידל, טראַכט און קלערט,
ווערט דאָס אויג עטוואָס פאַרטרערט, —
זי מיינט, זי איז נאָך אין דער היים,
ביי זיך אין צימערל — געהיים: —
אָ, שוין שפּעט, שוין שפּעט, שוין שפּעט! —
א שאָד פאַרלאָזן ס'וואַרעם בעט;
כאָטש די גאַנצע, לאַנגע נאַכט,
האָט איר א שוואַרצער טרוים געשראָקן, —
ס'איז דער זייגער באַלד שוין אכט, —
וואו זיינען אירע שיך און זאָקן? —

פון איר ציכטיק, רויטן קלייד,
שטראָמט ארויס א העלע פרייד,
פּוידער צו דאָס נעזל וויים,
און די ליפּן — צונטער־רויט,
טרונק א קאָווע, כאַפּ א בייס, —
אָפּיס־מיידל, — זוך דיין ברויט! —
כאַפּ א קוק אין שפּיגל — שוין —
ביזט א מיידל, א פּאַרשוין!

שטעק א בלימל איין אין לאץ, —
יעדער זאך איז אויפן פלאץ? —

טיק טיק טיק, און טראסק און בענג! —
הענג דא ווי א ליאלקע, הענג!
טראכט דאס מיידל, טראכט און קלערט,
ווערט דאס אויג עטוואס פארטערט, —
איר פיגור איז שלאנק און דין,
פונקט ווי אין „לאוו־סטארי־מעגעזין",
די צייכענונג אויף דער ערשטער זייט:
יונג און רייצנד, מילד־פארשייט...
חלום'ט מיידל, טראכט און קלערט: —
וואלט דאס מזל איר באשערט...
און... — ס'איז באשריבן אלץ דעטאל,
אינם „לאוו־סטאר" זשורנאל...

ווי א רויז אין פרילינג בליט
קאכט דאס בלוט אין איר און גליט,
דער געליבטער אירער, דזשאן,
איז א וואוילער יונגערמאן,
אבער, ארבעטסלאז איז ער,
ווייסט איר מענטשן, ווי ס'איז שווער,
פאר א יונג, פארליבט פאר־פאלס,
זיך דערשלאגן צו א טאלק?
מיט באלעבאטישקייט, א הויז? —
אינם טומל און געברויז,
פון די אומרואיקע טעג, —
פרעגט דאס הארץ ניט וואס מ'מעג...
לאזט מען אלץ אויף גאט'ס באראט,
מאכט מען אפט א פאלשן טראט...

ס'האט א טרער אין הארץ געשטיקט, —
א פרעמדער מאן האט זיך געדריקט

אזוי מאָדנע צו איר ברוסט,
זיך אנטשולדיקט און פארהוסט... —
אָ, פארדאָן, פארדאָן, פארדאָן, —
ער האָט געקרייעט ווי א האָן,
און געשמייכלט גאַריש, פרעך...
מיט געלע ציין ווי שיטער־שטעך.

ווען זי האָט אפגעאָטעמט פריי,
איז זי איר „סטיישן” לאנג פארביי;
מוז זי לויפן אויף צוריק,
אין איר אויג א ווילדער בליק, —
האסטיק יאָגט זי, פלינק און שנעל,
ביז צום אָפּים אויף דער שוועל; —
ס'האָט א שטים זי אויסגעלאכט,
ס'איז די טיר פאר איר פארמאכט: —
מיידלאך מוזן זיין אין צייט! —
איר זענט פון אָפּים איצט באפרייט!...

מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ,
גייט מיידל פון די טרעפּ אראָפּ, —
גייט מיידל, ווייסט ניט וואו, — צוריק —
טראכט פון איר צעשטערטן גליק...

# מיר, די פאַרעקשנטע זעכצן מיליאָן!

(פאַמפלעט)

פאַרשפּרייט ווייט און ברייט און צעשאָל איבעראַל
פון זיד־אַרגענטינע ביז צפון־אוראַל;
פון ניו יאָרק און שיקאַגאָ און ביז תל־אביב,
דורך שופר און ראַדיאָ, דראָטן און בריוו —
דעם רוף פון פאַרעקשנטע זעכצן מיליאָן!

פון קרים און אוקראַינע ביז בירא־בידזשאַן,
מיט אימפּעט פון קפיצת־הדרך אין שפּאַן,
צעשאַל איבעראַל, און די בשורה זאָג אָן
פון יהודה, פון גליל, פון ווייס־בלויער פאָן —
מיר די פאַרעקנשטע זעכצן מיליאָן!

מיר זענען דער אומרו אויפן זייגער פון וועלט
און וואו נאָר אַ גרעניץ — אונזער וואָך איז געשטעלט.
פון אַרבעט און פרייהייט הויב העכער די פאָן,
פאַרשפּרייט ווייט און ברייט, און דערמאָן, און זאָג אָן
דעם רוף פון פאַרעקשנטע זעכצן מיליאָן!

פון חורבן צו חורבן ביז חברון און צפת,
צו אַלע וואָס שטיקן און ווערגן מיט האַס —
צעשאַל איבעראַל און פאַרשפּרייט ווייט און ברייט:
זיי וועלן ניט ברעכן די אור־אַלטע קיים
פון פאַרעקשנטע זעכצן מיליאָן!